# גוט מאָרגן, אַלף

# פּורים־שפּיל

און

# יאָסעלע

# דרײַ שפּילן און אַ מעשׂה

פון אַלף כּ״ץ

ה׳ תש״י ניו יאָרק 1950

# GOOD MORNING, ALEPH!
# PURIM PLAY
# and
# YOSSELE

## Two Plays and a Story
## By Aleph Katz


New York, 1950

שער־בלאַט געצייכנט פון נאָטע קאָזלאָווסקי

**אַנדערע ביכער פון זעלבן שרייבער:**

אַ מעשה פון ים און אַנדערע לידער, 1925
אַקערצייט, אַ זאַמלונג לידער, 1929
דאָס טעלערל פון הימל, פּאָעמע, 1934
פון אַ ביז ת, 1939
אַמאָל איז געווען אַ מעשה, 1944

Printed in the U.S.A. 200

# עטלעכע ווערטער

„גוט מאָרגן, אַלף״ איז געווען געדרוקט אין דער „צוקונפט״ פון מערץ 1946, און איז אַ קורצע צייט נאָכ־דעם אויפגעפירט געוואָרן אין לאַגערן אין דייטשלאַנד און פון טרופּן אין פאַרשידענע לענדער.

•

„פּורים־שפּיל״ ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל.

•

„יאָסעלע״ איז געווען געדרוקט אין ניו יאָרקער „קינדער זשורנאַל״ פון דעצעמבער 1944, אונטערן נאָ־מען „אין וואַלד״, געווידמעט מיין פריינט ליפּע לעהרער.

•

איך דאַנק מיין פריינט י. קאַמינסקי פאַר דער הילף ביים צוגרייטן דאָס בוך צום דרוק.

•

ווער עס וויל אויפפירן די שפּילן זאָל זיך ווענדן צום מחבר
אויף דעם אַדרעס :

ALEPH KATZ

152 East 22nd Street,

New York 10, N. Y.

געווידמעט מיט ליבשאַפט

מיינע טייערע טאַטע־מאַמע

חיים־ירוחם און העניע כץ

פאַר אַלץ וואָס זיי האָבן מיך געלערנט ביודעים

און פאַר אַלץ וואָס איך האָב פון זיי געלערנט אָן זייער וויסן

# אַ וואָרט וועגן „גוט מאָרגן, אלף"

די אותיות פון אַלף־בית זיינען אייביק. ווען זייער דירה ווערט צעשטערט, שוועבן זיי אַרום אין דער לופט. די גמרא זאָגט: לוחות נשתברו ואותיות פורחות — די לוחות זיינען צעבראָכן געוואָרן, און די אותיות שוועבן אַרום (מסכתא פסחים)... און נאָך זאָגט די גמרא: גווילין נשרפין ואותיותיו פורחות — דער פּאַרמעט ווערט פאַר־ברענט, און זיינע אותיות שוועבן אַוועק (מסכתא עבודה זרה).



די נביאים פאַרגלייכן די שונאים פון יידן צו אַ פאַר־דאַרבנדיקן לייב — אַריה משחית (ירמיה). דוד המלך האָט געבעטן: הושיעני מפי אריה — ראַטעווע מיך פון לייב׳ס מויל (תהילים). דער תלמוד פאַרגלייכט דעם גייסט פון אַלדאָס בייז אויף דער וועלט צו אַ פייערדיקן לייב — גוריא דנורא (מסכתא סנהדרין).

**ערשטע סצענע** — די בשורה

**צווייטע סצענע** — אַלף און בית זוכן די אותיות

**דריטע סצענע** — די ל״ו

**פערטע סצענע** — דער פייערדיקער לייב

**פינפטע סצענע** — דער נס

**זעקסטע סצענע** — די באַגרעבעניש

**זיבעטע.סצענע** — די אַנטוישונג

**אַכטע סצענע** — אליהו הנביא און דאָס יינגעלע

**נײַנטע סצענע** — גוט מאָרגן!

## פאַרשוינען

## ערשטע סצענע

### די בשורה

**בית**

גוט מאָרגן, אלף!

**אַלף**

גוט יאָר דיר, בית,
מיין גאַסט! איך וויים,
איך ווייס ביסט מיד פון לאַנגן גאַנג,
נו זיץ און רו...

**בית**

אַ דאַנק, אַ דאַנק!
איך וויל נישט זיצן, וויל נישט שטיין,
כ'האָב נאָך אַ ווייטן וועג צו גיין.

**אַלף**

אַ ווייטן וועג! איך ווייס, מיין פריינט!
נאָר מוזט דען גיין צוריק נאָך היינט?

**בית**

יאָ, יאָ, איך מוז, נישטאָ קיין צייט,
דער גאַנג איז לאַנג, דער וועג איז ווייט.
און נישט נאָר איך, אויך דו מוזט גיין —
איך קאָן דעם וועג נישט גיין אַליין.

אַלף

נישט גיין אַליין! וואָס הייסט, פאַרוואָס?
און וואו איז „ג״, דריטער אות?
און וואו איז „ד״, וואו איז „ה״?
און טאַקע „ו״?... וואו זיינען זיי?

בית

נישטאָ, מיין פריינט, נישטאָ אויך „ז״,
עס העלפט קיין רופן, ס׳העלפט קיין שרייען.
נישטאָ, נישטאָ! נישט גוט, נישט גוט —
עס פעלן „ח״ און „ט״ און „י״,
פאַרשוואונדן אַלע, ביזן סוף.

אַלף

אַלע צוואַנציק! אויך די „ת״?

בית

אַלע צוואַנציק, גרויס און קליין,
געבליבן זיינען מיר אַליין.

אַלף

וואָס איז געשען? דערציייל געשווינט!
מיין האַרץ צעגייט, עס בלייכט מיין טינט!

אַ זאָג וואוהין, אויף וועלכן וועג
עס זיינען אותיות אַוועק?
מיר וועלן זוכן א ו מ ע ט ו ם!
נו רעד, וואָס ביסטו טויב צי שטום?

### בית

איך הער דיך, אַלף, כ'הער, איך הער,
נאָר זאָגן עפּעס איז מיר שווער.
דאָס האַרץ טוט ווײ, איך האָב קיין טרייסט נישט,
איך וויים נאָר איינס — איך וויים אַז כ'וויים נישט.

### אַלף

טאָ וואָס וועט זיין? וואָס וואַרטן מיר?
קום לאָמיר גיין, מאַך־אויף די טיר.
מיר וועלן גיין אויף אַ ל ע וועגן,
מיר וועלן נישטערן און פרעגן.
עס קאָן נישט זיין! וואָס הייסט נישטאָ?
מיר מוזן זיי געפינען, יאָ!
ווייל מיר אַליין, אָן אַלע זיי,
מיר זיינען דאָך, אַ ווינד און ווײ,
אין נאָמען נאָר דער אַלף־בית!
קום, דו גייסט?

(אַלף און בית פאַרשווינדן)

[פאָרהאַנג]

## צווייטע סצענע

### אלף און בית זוכן די אותיות

**בית**

מיר שפּאַנען און שפּאַנען און שפּאַנען,
ביז ווען און ביז וואַנען, ביז וואַנען?

**אַלף**

ביז וואַנען? אַפילו ביז אייביק!
זיי מוטיק, זיי שטאַרק און זיי גלויביק!

**בית**

מען זעט נישט קיין שפּור און קיין סימן!

**אַלף**

איז וואָס?... אָבער שאַ, איך הער שטימען!

**בית**

איך אויך... אַ געזאַנג פול מיט טרערן!

**אַלף**

שש-שאַ!... לאָמיר שווייגן און הערן!

(אלף און בית פּאַרטאַיען זיך הינטער אַ בוים.
עס קומען אָן „ל" און „ו")

# דריטע סצענע

## די ל״ו

**למד**

די וועלט איז חושך, וויי און ווינד!
צעטריבן האָט אַ שטורעמווינט
דאָס פֿאָלק פֿון כתב, דאָס פֿאָלק פֿון אות!
אַ ברודער „ו״, ס'איז פֿול די מאָס!
דער גורל רופֿט, מיר דאַרפֿן גיין!

**וואָוו**

איך וויים... איך הער אַ גרויס געוויין
פֿון אותיות אין גאַר דער וועלט —
אין שטאָט, אין דאָרף, אין וואַלד און פֿעלד.
געוויין פֿון אותיות וואָס שוועבן
פֿאַרטריבענע פֿון פֿאַרמעט־לעבן.
זיי קאָנען נישט געפֿינען זיך קיין אָרט,
און בענקען צו דער נעסט, צוריק צום וואָרט,
וואָס איז צעשטויבט, צעדרויבט, פֿאַרברענט!

**למד**

דאָס גאַנצע לשון איז געשענדט.
נישטאָ קיין וואָרט, וואָס אָן אַ מת,
און אַלע ווערטן אויף אַ נס!
און אַלע בעטן אַ געבעט!...
קום, ס'ווערט שפּעט!

(למד און וואָוו לאָזן זיך גיין. אַלף און בית קומען אַרויס,
פֿאַרלויפֿן זיי דעם וועג.)

## אַלע פיר

איר! אַדאָ?... ס׳איז נאָר אַ חלום!
שלום-עליכם! עליכם-שלום!

## אַלף

געלויבט איז גאָט: מיר זיינען פיר!
ער וועט אונדז עפענען אַ טיר
און ווייזן אונדז דעם וועג צו טאָלק —
גאַנץ צו מאַכן אונדזער פאָלק.
דאָס לאַנד פון אַלף-בית
מוז ווערן אויסגעלייזט,
און ווערן פריי פון שרעק
פאַר משחיתדיקן ברען און מעק!
אַז לעבן זאָלן אותיות אין ווערטער
אומגעשטערט, אין לויטערקייט פאַרקלערטער!
אַז יעדער אות...

## בית

דערלויב מיר, אַלף, איבערשלאָגן דיינע רייד,
וואָס קוועלן מיט אַזאַ בראשיתדיקער פרייד!
... די נאַכט פאַרגייט. באַלד קרייעט שוין דער האָן.
עס שטייען אַכצן אותיות אין קאָן,
און מיר מיט זיי. ס׳איז יעדע רגע טייער!

## ל״ך

פאַרוואָר, דער פייערדיקער לייב איז נאָך אַ פרייער!
הערט איר דען נישט ווי ער ברילט און ברומט?
קומט!

(אַלע פיר פאַרשווינדן)

*[פאָרהאַנג]*

## פערטע סצענע
### דער פייערדיקער לייב

**לייב**

איך ברען און בראָט זיי בלאַט נאָך בלאַט,
איך עס און פרעס — און ווער נישט זאַט!
כ'האָב איינגעשלונגען בערג מיט ספרים,
מיין אינגעווייד איז פול מיט קברים!
מיט זייער אַש און זייער רויך
איז אָנגעשוואָלן שוין מיין בויך —
און נאָך בין איך נישט זאַט געוואָרן!
וואָס מער איך ברען, אַלץ מער איך צאָרן!
וואָס מער איך פרעס, אַלץ מער איך עק!
און אָט איז באַלד די נאַכט אַוועק.
דער יעגער יאָגט,
אָט באַלד ווערט טאָג,
און וואָס וועט פון מיר ווערן?
צי דען וועט קיינער נישט דערהערן
דאָס ברומען פון אַ לייב אין תענית?
איז גאָר נישטאָ מער קיין רחמנות?
איך שריי געוואַלד, איך בעט, איך ליאַרעם:
דערבאַרעמט זיך אויף מיר, דערבאַרעמט!
איך זאָל אַן איינציק יאָדערל צעקייען,
אַן איינציק יידעלע, אַן אות, פאַרדייען.
ווי וואַגן זיי זיך שטעלן קעגן, דאָנערוועטער!
אַז איך, אַ לייב, זאָל דאַרפן ווערן גאָר אַ בעטער!
כ'וועל אויסגיין, וועל איך, כ'וועל קראַפּירן!
איך גיי שוין אויס... איך קאָן זיך שוין נישט רירן...

(דער לייב פאַלט אַוועק. עס הייבט־אָן טאָגן.
פון דער טונקלקייט באַווייזן זיך נון און סמך)

[פאָרהאַנג]

## פינפטע סצענע

### ד ע ר  נ ס

**נון**

מיר זיינען געשען, ווי מען האָט אונדז באַפוילן,
דערשטיקט איז דער גאָרגל פון פייער און גרוילן.
די נאַכט איז אַוועק און עס הייבט שוין אָן טאָגן.
ס'איז שטיל. נאָר עס מורמלט נאָך ערגיץ אַ קלאָגן.

**סמך**

די קלאָג איז געמישט מיט אַ ליד אַ דערוואַכטן.
אָט באַלד און עס וועלן זיך שטראַלן צעפּראַכטן.
ס'וועט אויפגיין די זון און פאַרגיין וועלן טרערן,
און נעסטן פאַר אותיות וועלן זיך מערן
אין ווערטער פון אמת, אויף פאַרמעט פאַרשריבן.
אין היימען פאַר פייגל, פון פייער צעטריבן,
וועט אויפגיין אַ ליכט ווי אַמאָל אין גן־עדן.

**נון**

און איצט איז געקומען די צייט זיך צו שיידן.
געענדיקט איז אונדזער שליחות אַצינדער,
מיר דאַרפן צוריקגיין צו גרעסערע וואונדער —
פאַרנעמען אין אַלף־בית אונדזערע ערטער
און גרייט זיין פאַר נייער שליחות פון ווערטער.

(נון און סמך גייען אַוועק)

[פאָרהאַנג]

## זעקסטע סצענע

### די באַגרעבעניש

(למד און וואָוו גראָבן אַ קבר)

**למד**

מיר מוזן זיך איילן, עס איילט זיך דער זייגער,
מיר דאַרפן וואָס שנעלער באַגראָבן דעם פּגר.
אַז בלייבן עס זאָל נישט קיין זכר פון עיפּוש,
אַז בלייבן עס זאָל נישט קיין זכר פון טיפּש.

**וואָוו**

כל-זמן ער וועט זיין דאַ, וועט מאָרגן נישט קומען,
די זון וועט נישט אויפגיין און לשון וועט שטומען.
עס וועלן נישט אָפּטאָן זיך טרערן פון אויגן,
עס וועט זיך אין הימל נישט ווייזן דער בויגן.

**למד**

איז לאָמיר דעריבער באַגראָבן אים גיכער —
עס וואַרטן די ספרים, עס וואַרטן די ביכער,
דער אַלף-בית וואַרט און גייט-אויס פון באַגערן:
עס וואַרטן די אותיות — ווערטער צו ווערן.

(למד און וואָוו שטופּן אַריין דעם לייב אין גרוב, וואַרפן שנעל אַרויף לאָפּעטעס ערד. ליכט־שטראַלן הייבן־אָן שפּילן.)

## למד און וואָוו

ערד האָט עיפּוש איינגעשלונגען,
האָט דער הימל זיך צעזונגען!
ערד, דיין עיפּושדיקן ביסן
וויל דער הימל דיר פאַרזיסן!
זיי אונדז מוחל די פּגירה,
און פאַרגיב דעם הימלס שירה!

## בת־קול

נעמט זיך נישט אָן פאַר דער ערד און איר קריוודע,
און בעט נישט מחילה — ס'איז נישט אייער עובֿדה!
די הימלען דערציילן דעם כּבֿוד פֿון גאָט,
און די רעשט — איז אַ סוד!

(למד און וואָוו פאַלן אויפן פּנים)

[פאָרהאַנג]

## זיבעטע סצענע

### די אנטוישונג

(אַלע אותיות זיינען אויף דער בינע)

**אַלף**

ס'איז ווידער ליכטיק אויף דער וועלט.
מיר שטייען אַלע אויסגעשטעלט,
מיר זיינען גרייט... נאָר וואו, אוי וויי,
נאָר וואו, אוי ווינד, וואו זיינען זיי,
די פען און טינט, די סופרים... וואו?

**בית**

די פּאַר-בראשיתדיקע רו
הויערט ווי אַ פרירנדיקער טוי.
די שטילקייט שלאָגט די אויערן אַזוי,
פאַרטויבט, פאַרמויערט ווי מיט ווענט.

**אַלף**

וואו זיינען זיי די צאַרטע הענט,
וואָס האָבן אונדז געגעבן קראַפט?
די מיילער מָעכטיקע וואָס האָבן אונדז געטראַפט?
די אייפּעריקע מוחות, פייערדיק צעשטראַלט,
וואָס האָבן אין מחשבה אונדז געגעבן אַ געשטאַלט?

## בית

איז קיינער נישט געבליבן פון דעם מבול?
צי דען האָט אַלץ פאַרשלונגען דער מחבל?
איז וואָס־זשע טוט דער בויגן אין די הייכן?
פאַר וועמען שפּילט ער דאָרט זיין צייכן?
פאַר וועמען? וועמען זאָגט ער אָן זיין בשורה?

## אַלף

איז דאָס דער טאָג געהאָפטער, דאָס זיין צורה?
מיר ווילן אים נישט זען! נישט ווערן זאָל געדאַכט
זיין נאָמען צווישן טעג. ס'איז ווידער נאַכט.
מען קאָן דאָ גאָרנישט זען אַצינד.
פאַרמאַכט די אויגן, אותיות! מיר ווערן בלינד!
דער אמתדיקער טאָג איז נאָך פאַרבאָרגן,
מיר וואַרטן ווידער אויפן אמתדיקן מאָרגן!

## אַלע אותיות

דער אמתדיקער טאָג איז נאָך פאַרבאָרגן,
מיר וואַרטן ווידער אויפן אמתדיקן מאָרגן!

(אַלע פאַלן אַנידער פאַרשמאַכט)

*[פאָרהאַנג]*

## אַכטע סצענע

### אליהו הנביא און דאָס ייִנגעלע

**אליהו**

**דו הערסט ווי שטיל דאָ איז אַצינד?**
גערעדנק עס, ייִנגעלע, גערעדנק, מיין קינד.
דאָס איז דאָס קול פון דינער שטילקייט,
וואָס ווייעט נאָך אַ גרויסער ווילדקייט.
פאַרנעם דאָס קול, באַהאַלט עס אין זכרון,
אַ היילונג וועט עס זיין פאַר דיר אויף יאָרן,
און שטאַרקן וועט עס דיר דאָס האַרץ, די ביינער —
צו וואַנדערן דעם וועג פון זאַמד און שטיינער.
אַן איבערבלייב פון ווינט, פון רעש און פון פייער,
דו ביסט אַן אָנהייב איצט אַ נייער,
און באַשערט איז דיר צו זיין דער יורש
פון דעם לעצטן פינטעלע פון שורש.
אַנטרונען ביסטו פון דער נאַכט פון לאַנגן חלף,
צו זיין דאָס ערשטע אות, דער אַלף,
פון אַ נייעם מאָרגן אויף דער וועלט.

**ייִנגעלע**

איך הער דיך, זיידע, נאָר דו רעדסט אַזוי פאַרשטעלט.
די ווערטער דיינע גלעטן און פאַרוויגן,
דערקוויקן מיר דאָס האַרץ, מיט זייער ניגון,
נאָר איך פאַרשטיי נישט זייער טיפן מיין.

### אליהו

נישט זאָרג, מיין קינד, דו וועסט פאַרשטיין,
דו וועסט פאַרשטיין, ווען קומען וועט די רעכטע צייט.
און ויסן וועסטו דעם באַדייט
פון מיינע רייד. זיי וועלן ווייזן דיר דעם וועג.
נאָר ביז מיר קומען צום געהאָפטן ברעג,
און ביז דעם טרויערם אָרט פאַרנעמען וועט אַ שמייכל,
מיר דאַרפן לערנען, יינגעלע, מיר דאַרפן שכל.

### יינגעלע

אַ שמייכל, זיידע? כ׳ווייס נישט וואָס דאָס מיינט.
איז דאָס אַ האַרץ, וואָס האָט זיין חיות אויסגעוויינט?
איז דאָס אַן אויג, וואָס האָט נישט מער קיין טרערן —
בין איך מיט שמייכל זאַט, און דאַרף אים נישט באַגערן!...
און שכל, זאָגסטו, שכל דאַרף איך לערנען.
זיידע טייערער, איך וויל דיך נישט דערצערנען,
איך האָב געזען וואָס שכל טוט,
איך האָב געפילט זיין פייערדיקע רוט
אויף מיין געביין — וועל איך שוין בעסער זיין אַ תם!

### אליהו

שטיל־איין דיין האַרץ, מיין קינד, און הער: אַן אַנדער פלאַם,
אַן אַנדער שכל ברענג איך דיר, אַ פייער און אַ ברען,
וואָס וועט די אויגן דיינע עפענען צו זען,
און עפענען דיין האַרץ — צום רוף פון דינעם קול!
הער ווי שטיל דאָ איז אין טאָל.
עס וואַרט די ערד, עס וואַרט דער הימל.
מיר הייבן־אָן: זאָג אלף, קינד... זאָג בית... זאָג גימל!

### יינגעלע

אלף... בית... גימל...

(עס ווערט אַ גרויס ליכט. ביידע פאַרלאָזן די סצענע)

*[פאָרהאַנג]*

# ניינטע סצענע

## גוט מאָרגן!

(אַלע אותיות זיינען אויף דער בינע)

**אַלף**

גוט מאָרגן, אותיות, מיר לעבן ווידער,
אַ נייער גלי דערפרייט די גלידער.
אויפגעטאָגט האָט אונדזער לעבן,
אַ קינד האָט אונדז אַ מויל געגעבן.

**אַלע**

נאָר איין קינד רופט אונז אַצינדער?
זיין שטים איז ווי פון טויזנט קינדער!

**אַלף**

יאָ, נאָר איין קינד אַרוים פון פייער,
און ער איז טויזנט מאָל אונדז טייער.

**אַלע**

נאָר איין קינד אַרוים פון פייער,
און ער איז טויזנט מאָל אונדז טייער.

**אַלף**

ער איז פאַר אונדז דער מאָרגנשטערן,
דורך אים מיר וועלן ווערטער ווערן.

אַלע

ער איז פֿאַר אונדז דער מאָרגנשטערן,
דורך אים מיר װעלן װערטער װערן.

אַלף

אין אים איז דער אַמאָל באַהאַלטן,
דעם סוף פֿון טעג װעט ער געשטאַלטן.

אַלע

אין אים איז דער אַמאָל באַהאַלטן,
דעם סוף פֿון טעג װעט ער געשטאַלטן.

אַלף

אַרויסגעצויגן פֿון מצרים,
מיר הייבן־אָן אַ טאָג אַ נייעם
מיט דעם אַנטרונענעם פֿון חלף!
גוט מאָרגן, אותיות!

אַלע

גוט מאָרגן, אַלף!

*[פֿאָרהאַנג]*

סוף

# פּורים־שפּיל

דראַמאַטישע פּאָעמע אין זעקס סצענעס
מיט אַ פּראָלאָג און אַן עפּילאָג

## אַ וואָרט וועגן „פּורים־שפּיל"

אסתר האָט גערופן אירע מיידלעך מיט די נעמען פון די טעג פון דער וואָך, כדי זי זאָל וויסן ווען עס פאַלט אויס שבת. (ואת שבע הנערות הראויות לתת לה. אָמר רבא מלמד שהיתה מונה בהן שבעת ימי השבת — מסכתא מגילה).

•

אַחשורוש רופט המנען „שערער פון קרצום" (קאַרצום), ווייל המן איז 22 יאָר געווען אַ שערער אין דעם דאָרף קרצום. —מסכתא מגילה.

•

אַחשורוש הייסט פאַרדעקן המנען דאָס פּנים, ווי אַ סימן פון טויט־אורטייל.

פ ר אָ ל אָ ג — פאַרוואָס דער גראַגער גראַגערט

ערשטע סצענע — דער נאַרישער מלך

צווייטע סצענע — דער נאַרישער רשע

דריטע סצענע — די קלוגע מלכה

פערטע סצענע — די שלאָפלאָזע נאַכט

פינפטע סצענע — נאָך דעם פאַראַד

זעקסטע סצענע — דעם רשעס סוף

ע פּ י ל אָ ג — אַנטקעגן דעם מאָרגן

## פ אַ ר ש ו י נ ע ן

**משפחה**

**זיידע**

**מאָטעלע**
**אסתרקע**
} אייניקלעך

**אַחשורוש**

**המן**

**אסתר**

**מרדכי**

**חרבונה**
**זתר**
} אַחשורושעס קאַמערדינער

**התך** — אסתרס קאַמערדינער

**אַחשורושעס זיבן חכמים**

**אסתרס זיבן מיידלעך**

**כאָר**

## פּראָלאָג

### פאַרוואָס דער גראַגער גראַגערט

(בינע שטעלט־פאָר אַ הויזגעזינד ביים טיש פון אַ פּורים־סעודה. אויף דער הינטערשטער וואַנט איז אויפגעשריבן אַ מגילה. אין מיטן פון דער מגילה איז דאָ אַ טיר. ווען פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, קומט אַריין דער זיידע.)

**זיידע**

אַ גוטן פּורים, אַ גוטן פּורים, מיינע ליבע לייט,
איך וועל אייך דערציילן וואָס פּורים באַטייט.

נאָר קודם מיר וועלן דאָ הערן אַ שלאַגער —
אַן ענטפער אויף אַ קשיא וועגן פּורימדיקן גראַגער.

מאָטעלע און אסתרקע, אַרויס מיט דיבורים!
שטעלט זיך אויף און זינגט פאַר אונדז דאָס ליד לכבוד פּורים!

(ביידע קינדער שטעלן זיך אויף.)

**אסתרקע**

גראַגער, גראַגער,
איך פרעג דיר אַ פראַגע:
וואָס רייסטו,
וואָס בייסטו,
וואָס שרייסטו געוואַלד?
דו פילדערסט
און ווילדערסט,
וואָס מיינסטו —
דו ביסט אין אַ וואַלד?

## מאָטעלע

איך דריי זיך,
און פריי זיך,
איך שריי און איך לאַך!
איך דונער און בליץ,
און איך קריץ און איך קראַך —
ווייל היינט איז נישט נעכטן,
נישט מאָרגן, נישט פרייטיק,
ווייל היינט איז מיין בליץ-טאָג
מיין קריץ-טאָג, מיין שריי-טאָג!

## אסתרקע

פאַרוואָס און פאַר ווען?
פאַרוואָס אַזאַ ברען?
און פאַרוואָס אַזאַ שטורעם?

## מאָטעלע

פאַרוואָס אַזאַ שטורעם?!
ווייל היינט, ליבער פריינט,
איז נישט נעכטן, נאָר פורים!
און איך בין דאָס אייביקע פריילעכע קול,
איך דערצייל פון אַ נס, פון אַ זיג פון אַמאָל.
איך זאָג-אָן אַ שטראָף
און אַ ביטערן סוף,
אַ מפּלה אויף אַלע שוואַרציאָרן!
איך וואָרן!
זיי וועלן ווי ער,
וואָס זיין נאָמען איז מיאוס,
הענגען אויף ביימער,
אויף סלופּעס און תליות!
זיי וועלן באַקומען
וואָס ער האָט געקראָגן,
ער, וואָס זיין נאָמען
איך קען נישט פאַרטראָגן!

**אסתּרקע**

ער ?
ווער ?
און וואָס איז זיין נאָמען ?

**מאָטעלע**

זיין נאָמען ?...
זיין נאָמען איז המן !

(משפּחה אַפּלאָדירט. מ׳גראַגערט מיט די גראַגערס.)

**זיידע**

פיין, קינדער, פיין ! טאַקע גאָר גרויסאַרטיק.
נו, זעצט זיך לעבן מיר. מיר זיינען פיקס און פאַרטיק.
זאָל מען עפענען די טיר פון דער אַלטער מגילה,
און זאָלן זיך באַווייזן דאָ די חברה פורים-שפּילער !

(עס עפנט זיך די טיר פון דער מגילה און עס קומען אַריין אַלע העלדן.)

**העלדן**

מיר זיינען די העלדן, מיר זיינען די לייט,
נישט נאָר פון אַמאָל, אויך פון היינטיקער צייט.
מיר זיינען דאָך א י ר , נאָר אין מאַסקעס, קאָסטיומען.

איר האָט אונדז גערופן, מיר זיינען געקומען.
נאָר מיר ווילן לאַנג דאָ נישט בלייבן, אָ ניין !
מיר רופן אייך אַלע מיט אונדז מיטצוגיין.

אין לאַנד פון מגילה מיר לאַדן אייך איין —
קומט אַריין ! קומט אַריין ! קומט אַריין !

*[פאָרהאַנג]*

# ערשטע סצענע

## דער נאַרישער מלך

(אַחשורוש מלך טפּש היה. —מסכתא מגילה)

**אַחשורוש**

(זיצט אויפן טראָן. איז האַלב שיכור)

מיין נאָמען צו זאָגן איז שווער, אָן אַ פּירוש.
מיין נאָמען איז אַך... אַכאַ־שווער... אַחשורוש!

מ׳רופט מיך אַ קיניג, אַ שיכור, אַ שוטה,
באשר מיין נאָז...כ׳מיין מיין קרוין איז אַ רויטע.

נאָר מיינט נישט אַז איך בין אַ נאַר. נישט מיין שולד!
צו טראַכטן איך האָב נישט קיין קאָפּ... כ׳מיין געדולד!

איז דינג איך חכמים צו טראַכטן פאַר מיר,
און איך טרינק מיר וואַסער... כ׳מיין ווייַן און... און ביר!

(שרייט) חכמים! וואו זיינט איר? איך דאַרף אַ געדאַנק!
קומט גיכער אַריין און דערלאַנגט און דערלאַנגט!

(עס קומען אַריין זיבן חכמים.)

**חכמים**

(צום קיניג) אָט זיינען מיר, קיניג, אָט זיינען מיר דאָ,
גרייט דיר צו טראַכטן אַפילו אַ שעה.
(צום עולם) אונדזערע קעפּ זיינען פול מיט געדאַנקען
אַזוי ווי דער קיניג איז פול מיט געטראַנקען...
מיר גיבן אים עצות דעם למך, ס׳הייסט מלך,
און ס׳טוט זיך אַ ביסל, ס׳איז לעבעדיק, פריילעך!

**אַחשורוש**

וואָס בעבעט איר דאָרטן? שטיל זאָל זיין, שטיל!
איר הערט דאָך, חכמים, איך זאָג אַז איך וויל
אַ געטראַנק... כ׳מיין געדאַנק!...
איר׳ט אומזיסט דאָ נישט פרעסן!
איז יאָ, הייסט עס, כ׳זאָג אַז איך וויל, אָבער וואָס?... פאַרגעסן!

(ער קלערט, רייבט זיך דעם שטערן, פאַרמאַכט די אויגן, ווערט אַנטשלאָפן. די חכמים שטייען אַ ווײַלע, קוקן אויפן קיניג. דערנאָך טאַנצן זיי אַרום דעם טראָן און זינגען פריער שטילער, דערנאָך הויך און העכער.)

**חכמים**

אוי, אוי, האַר,
שיכור איז אַ נאַר!

שיכור איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווייל ער איז אַ נאַר!

שיכור איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווייל ער איז אַ נאַר!

[פאָרהאַנג]

## צווייטע סצענע

### דער נאַרישער רשע

(אם על המלך טוב יכתב לאבדם. .. והמלך
והמן ישבו לשתות. — מגילה ג.)

(אַחשורוש זיצט אויפן טראָן, שלאָפט, כראָפּעט פון צייט צו צייט. המן קומט אַריין פון איין זייט, זעט אַז אַחשורוש שלאָפט, שטייט ער אַ ווייל אין פאַרלעגנהייט. פון דער צווייטער זייט קומט אַריין אַ כאָר און שטעלט זיך אין אַ פּאָזיציע וואו המן קען אים נישט זען.)

**המן**

מיין נאָמען איז המן, איך בין אַ...

**כאָר**

באָמאָז!

**המן**

באַטראַכט נאָר מיין מינע, (דרייט די וואָנצעס) כ׳האָב...

**כאָר**

פליי אין דער נאָז!

**המן**

מ׳גיט מיר אָפּ כבוד, איך וויל אָבער נאָך,
איך קריך אויפן לייטער...

**כאָר**

וועסט כאַפּן אַ בראָך!

המן

עס שטייען אין וועג מיר נאָר יידן אליין,
די יידן זיי זיינען...

כאָר

אין האַלדז אים אַ ביין!

המן

איך קען נישט פאַרטראָגן די יידן די קלוגע!

כאָר

אַ נאַר איז אַ רשע!

המן

אויב כ׳הענג זיי נישט אויף, וועל איך ווערן משוגע!

כאָר

וועסט ווערן, וועסט ווערן, נישקשה!

המן

איך בוי מיר אַ תליה פאַר מרדכי דעם ייד!

כאָר

וועסט שפּעטער דאָ זינגען אַן אַנדער מין ליד!

המן

און ווען פון די יידן כ'וועל ווערן שוין פּטור,
איך וועל זיך אַ נעם טאָן צו דעם פּיפּערנאָטער! (ווייזט אויפן קיניג.)
איך וועל אים פאַריאָגן און ווערן דער מלך
פון הודו ביז כוש, און דערנאָך טאַקע וועל איך
די ווייטסטע מדינות אַ זעץ טאָן, אַ קלאַפּ טאָן,
אַ נעם טאָן די וועלט אין די הענט און אַ כאַפּ טאָן...

כאָר

אַ וויסטע מפּלה, מ פּ ל ה, מפּלה!!!
(אַחשורוש כאַפּט זיך אויף. כאָר פאַרשווינדט.)

אַחשורוש

(צעמישט) וואָס איז דאָ?... וואָס טוט זיך?
(דערזעט המנען) ס'איז דו?... ב ע ל - ע ג ל ה!
וואָס מיינסטו דו ביסט אויף אַ מאַרק, אַ יאַריד?...

המן

אוי מלך, זיי מוחל, נישט איך נאָר אַ ייד
האָט געמאַכט דאָ אַ טומל, געשטערט דיר דעם שלאָף!
אוי מלך, באַפעל פאַר די יידן אַ שטראָף!

אַחשורוש

(ווייכער, פאַרוואונדערט.)

די יידן?!.. וואָס מיינסטו?!.. אַזוי גאָר?!.. וואָס הייסט??!

### המן

אוי מלך, וואָס טויגן די שאלות?... דו ווייסט,
ס׳איז פּשוט אַ גליק וואָס איך בין דאָ געווען
און פאַרטריבן דעם יידן!... איך זאָג דיר איך ברען!
צו וואָס דאַרף מען יידן?!... מ׳דאַרף זיי אויסראָטן!
זיי לאַכן זיך אוים פון דעם מלכ׳ס געבאָטן
ווי ושתי וואָס האָט אונדז דאָס פּנים פאַרפלאָמט!
נישט אַנדערש אויך זי האָט פון יידן געשטאַמט!...

### אַחשורוש

אַזוי גאָר?... ווי ושתי?... דערמאָן נישט איר נאָמען!
דו רירסט אָן אַ הונט, כ׳מיין אַ וואונד, ליבער המן...
נו, לאָמיר שוין הערן וואָס האָסט אויף דער לונג!
נאָר מאַך עס בקיצור, איך חלש אַ טרונק.

### המן

אוי, טייערער מלך, אוי טו מיר צוליב.
זילבערשטיק הונדערט מאָל הונדערט איך גיב,
נאָר טו מיר די טובה און הער מיין בקשה.
עס וועט זיך דיר לוינען, נישקשה, נישקשה!
וואָס דאַרף איך דיר ברייען, דו ווייסט מיין מבינות!
אין הונדערט און זיבן און צוואַנציק מדינות
די רייכקייט פון יידן איז גאָרנישט צום שאַצן.
זיי לעבן אין ראַסקאָש, באַוואוינען פּאַלאַצן,
און אָטעמען איין אונדזער בעסט ביסל לופט.
איז וואָלטן מיר אפשר אַ מיטל געפּרואווט...

### אַחשורוש

א מיטל, אַ שמיטל, וואָס דרייסטו אַ היטל?
דו אַווירסט און גאַוועדסט, דו בעבעסט און בילסט!
אַן עק שוין, גיב לשון און זאָג וואָס דו ווילסט!

### המן

אוי מלך, דאָס מיטל איז פּשוט — באַפעל
מען זאָל פון זיי אַלעמען מאַכן אַ תל,
אויסקוילען, הרגענען, מאַכן צו שטויב
און זייער פאַרמעגן זאָל ווערן צו רויב...
די וועלט וועט אויף אייביק געדענקען דיין נאָמען,
געדענקען דאָס פּאָר — אַחשורוש און המן!

### אַחשורוש

ס׳אַ גוטער געטראַנק... כ׳מיין געדאַנק!... גאָר נישט שלעכט!
נו, נאַדיר מיין זיגלרינג!... גיי, ביסט גערעכט!
נאָר איידער דו גייסט, לאָמיר כאַפּן אַ טרונק.
אַ בעכער מיט וויין מאַכט דאָס האַרץ ווידער יונג,
און איך מוז איצט יונג זיין פאַר אסתר המלכה!

### המן

אוודאי, וואָדען? לאָמיר מאַכן אַ גאַלקע!...

(גיסן אָן בעכערס וויין און טרינקען.)

*[פאָרהאַנג]*

## דריטע סצענע

### די קלוגע מלכה

(אל תדמי בנפשך להמלט בית המלך
מכל היהודים. —מגילה ד.)

**אסתר**

(זיצט אין איר קאַמער, זינגט און באַגלייט זיך אויף אַ ציטרע.)

טייערער פויגל אין גילדערנער שטייג,
וואָס האַלסטו דיין בענקשאַפט פאַרשפּאַרט אין אַ שווייג?
זינג מיר אַ ליד פון אַמאָליקער פריי,
ווען לעבן און זינגען געווען איז כדאי.

דיין ליד וועט צעשמעלצן די גילדערנע דראָטן,
פאַרטרייבן דעם אומעט, פאַרווישן דעם שאָטן.
און וועלן די גראַטעס נישט שמעלצן זיך באַלד,
אַריינברענגען וועסטו אין שטייגל דעם וואַלד.

(עס לויפן פּלוצים אַן אסתרס זיבן מיידלעך.)

**מיידלעך**

**זונטיק:** אוי, מלכה, אוי מלכה, וואָס קען דאָס באַדייטן?
**מאָנטיק:** אַ רייטער איז נאָרוואָס געקומען צורייטן,
**דינסטיק:** דערציילט אַז אין שטאָט איז אַ חושך, אַ טרויער.
**מיטוואָך:** ביים טויער פון מלך שטייט מרדכי בן יאָיר,
**דאָנערשטיק:** די קליידער צעריסן, אַ זאַק אויף זיין גוף,
**פרייטיק:** אַ ביטער געוויין און אַ קלאָג אין זיין רוף.
**שבת:** אוי מלכה...

**אסתר**

וואָס רעדט איר?... התך!

**התך**

(לויפט אַריין)

איך בין דאָ!

**אסתר**

גיי געשווינט!
און ווער מיר געוואָר וואָס געבראַכט האָט דער ווינט!
גיי גיכער, התך, גיי געשווינט צו דעם טויער
און זע וואָס געשען איז מיט מרדכי בן יאָיר!

**התך**

איך לויף! (אָפּ)

**אסתר**

(צו די מיידלעך)

אוי טעג פון דער וואָך, זייט מתפּלל מיט מיר.
עס קומט אַ סכנה, איך ווייס עס, איך שפּיר
עס לויערט אַ פּלאַם אויף יהודהס געצעלט.
אוי עדות פון נס פון באַשאַף פון דער וועלט,
טוט תפילה מיט מיר אויף אַ נס פאַר מיין שטאַם.
זאָל קומען אַ ווינט און פאַרלעשן דעם פלאַם!

(אסתר און די זיבן מיידלעך שטעלן זיך אויס און זאָגן אַ שטילע תפילה. זייערע ליפּן שאָקלען זיך, אָבער זייער קול הערט מען נישט. פּלוצים דערהערט זיך מרדכי׳ס קול. אסתר טענהט זיך אויס מיט אים, אָבער די מיידלעך הערן נישט — נישט מרדכיס קול און נישט אסתרס רייד.)

**מרדכים קול**

אסתר! הדסה! הער אוים מיינע רייד.
זיי רופן צו דיר פון דיין פאָלקס אינגעווייד.
ראַטעווע אונדז, די סכנה איז גרוים.
פון מלך אַליין איז אַ פייער אַרוים.

**אסתר**

מרדכי! איך הער דיך! זאָג וואָס איז געשען?
פון וואַנען דער אומגליק? פאַרוואָס און פאַר וועם?

**מרדכים קול**

פאַרקויפט האָט דער מלך די יידן צום טויט —
ס'האָט המן הרשע דעם קאָפּ אים פאַרדרייט.
גיי גיכער צום מלך און שריי אָפּ די גזירה!
אויף דיר איז דער גורל! דו האָסט נישט קיין ברירה!

**אסתר**

צום מלך?... צום מלך?... איך קען נישט! אָ ניין!
אוי מרדכי, איך קען צו דעם מלך נישט גיין!
ווייל גייט מען צו אים אומגעבעטענערהייט,
מיינט פשוט מען גייט אין די אָרעמס פון טויט!

**מרדכים קול**

די אָרעמס פון טויט, זאָגסטו, אסתר? פאַרוואָר!
עס הענגט אונדזער לעבן סיי ווי אויף אַ האָר!
אין הויז פון דעם מלך דו וועסט נישט אַנטרינען,
זיי וועלן אַפילו אויך דאָרט דיך געפינען —
מיר זיינען דאָך אַלע איין פאָלק און איין יחוס! (פּויזע)
אסתר המלכה! פיר אוים דיין שליחות!

**אסתר**

טייערער מרדכי, מיין טאַטע און חבר!
איך הער דיינע רייד און ווער שטאַרקער און בראַווער.
טוט תפילה פאַר מיר און שרייט אוים אונדזער פּיין!
איך גיי צו דעם מלך! זאָל זיין וואָס וועט זיין!

*[פאָרהאַנג]*

## פערטע סצענע
### די שלאָפלאָזע נאַכט

(בלילה ההוא נדדה שנת המלך. —מגילה, ו)

**אַחשורוש**

עס שלאָפֿן די ווענט און עס דרימלען די דילן.
וואָס טויג אייך, עס שלאָפֿן אַפילו די גרילן.
נאָר איך, אַחשורוש, מיך נעמט נישט דער שלאָף.
ס'איז נאָר טאַקע עפּעס אַ... כישוף, אַ... שטראָף!

אַ שטראָף, זאָג איך?... שאַ נאָר, פאַרוואָס? אפשר גאָר
פאַר ושתי דער רויטער?... איך זאָג אייך די וואָר,
קען זיין אַז זי איז נישט געווען אַזוי שלעכט
וואָס זי איז נישט געקומען!... און נישט אומגערעכט!
צי דען דאַרף זי פאָלגן אַ שיכור?... אַ רוח'ן
זיין פאָטער און מוטער, דעם וויסטן ממוכן!
ס'האָט ער מיך געראָטן צו טויטן די ושתי,
אַז ברענען און בראָטן זאָל אים די כרכשתא!...

נו, מילא, פאַרפאַלן!... איך בענק נישט נאָך איר.
די קיניגין אסתר איז שענער פון איר.
און יינגער אוודאי, און פרישער און קליגער,
און האָט נישט געבראַכט מיר אין פּאַלאַץ קיין שוויגער.

הכלל, עס האָט ממש אַ גליק מיך געטראָפֿן!...
פאַרוואָס זשע, פונדעסטוועגן, קען איך נישט שלאָפֿן?...

(ער גיט זיך פלוצים אַ כאַפּ, גיט אַ פּאַטש מיט די הענט. עס קומען אַריין צוויי קאַמערדינער — חרבונה און זתר.)

**ביידע קאַמערדינער**

גוט מאָרגן דעם מלך, וואָס איז זיין באַגער?

**אַחשורוש**

המ... ברענגט מיר דעם ספר־זכרונות אַהער
און לייענט מיר עפּעס פֿון דאָרט אויפֿן קול
אַ מעשה וואָס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן אַמאָל.

(קאַמערדינער לויפֿן אַרויס און קומען באַלד צוריק מיט אַ מגילה.)

**קאַמערדינער**

(יעדער לייענט צו איין שורה.)

**זתר:** „זאָל ווערן פֿאַרשריבן אַזוי און אַזוי־אַ:

**חרבונה:** „מרדכי דער ייד איז געזעסן ביים טויער.

**זתר:** „געהערט האָט ער דאָרטן אַז בגתן און תרש

**חרבונה:** „גרייטן זיך טויטן דעם האַר אַחשורוש.

**זתר:** „אַז תרש וויל וואַרגן און בגתן וויל שיסן.

**חרבונה:** „האָט מרדכי דאָס תיכּף געגעבן צו וויסן

**זתר:** „דער קיניגין אסתר, און זי, די חכמה,

**חרבונה:** „דערציילט האָט דעם מלך אין מרדכים נאָמען.

**זתר:** מ'האָט אַלץ אונטערזוכט און די חברה געפֿאַנגען,

**חרבונה:** „און ביידע פֿאַרשווין אויף אַ בוים אויפֿגעהאַנגען.

**אַחשורוש**

איר האָט שוין געענדיקט?... און וואָס איז געבליבן?
איז גאָרנישט פֿאַרצייכנט, איז גאָרנישט פֿאַרשריבן
צי האָט מען דעם מרדכי געגעבן אַ לוין?

**חרבונה**

אוי מלך, די מעשה דערציילט דאָס נישט, ניין!

**זתר**

וואָס רעדסטו? אָט שטייט דאָך דאָ קלאָר און בפירוש:
(לייענט פון דער מגילה.)

„און נאָך אָט דער זאַך האָט דער האַר אַחשורוש
„דערהויבן דעם המן, געגרייסט אים, געשטאַרקט,
„באַלוינט אים מיט כבוד און גאָרנישט געקאַרגט..."

**חרבונה**

(שלאָגט איבער.)

זיי נישט קיין לעקיש און דריי נישט קיין היטל,
דו קריכסט דאָך אַריין אין אַן אַנדער קאַפּיטל!

**אַחשורוש**

(אומגעדולדיק.)

שטיל זאָל זיין!... זאָגט נאָר, ווער איז דאָרט אין הויף?
(זתר לויפט אַרויס און קומט באַלד צוריק.)

**זתר**

ס'איז המן, ער זאָגט אַז עס קומט אים אַ חוב!

**אַחשורוש**

המן אַגאַגי?... איר'ט זען וואָס דאָ'ט זיין!
זאָל ער אַריינקומען... שיקט אים אַריין!
(קאַמערדינער לויפן אַרויס, קומען אַריין מיט המנען.)

**אַחשורוש**

(זאָגט ערשטע צוויי ווערטער מיטן ניגון פון דער מגילה.)

ויבוא האָ-מאָ-אָן!... אַי גוט וואָס ביסט דאָ!
געקומען דו ביסט אין דער ריכטיקער שעה!

**המן**

גוט מאָרגן דעם מלך! וואָס איז זיין באַגער?

**אַחשורוש**

זאָג מיר נאָר, המן, איך זיץ דאָ און קלער
ווי צאָלט מען אַ חוב און ווי ווייזט מען די ווערט
אַ מאַן וואָס דער מלך זיין כבוד באַגערט?

המן

(צום עולם.) דאָס מיינט ער דאָך מיך! ... איכ׳ל אויסגיין פון פרייד.
(צום מלך.) דעם מאַן ... דאַרף מען אָנטאָן אַ מלכותדיק קלייד! ..
אים געבן אַ פערד מיט אַ ... גילדערנער קרוין!
זיין דינער זאָל זיין ... אַ געשעצטער פּאַרשוין!
דער מאַן וואָס דער מלך זיין כבוד באַגערט
זאָל רייטן אין גאַס אויף דעם טייערן פערד!
דער דינער זאָל פירן דאָס פערד מיט פּאַראַד
און שרייען: הוראַ! און הידד! און וויוואַט!

אַחשורוש

המן אַגאַגי, דיין חכמה איז גרויס!
טו אַלץ וואָס דו זאָגסט און לאָז גאָרנישט נישט אויס!
זאָלסט נעמען דאָס קלייד און דאָס פערד און די קרוין,
און דו טאַקע זיי... דער געשעצטער פּאַרשוין
צו צאָלן דעם חוב און צו וויין די ווערט
דעם מאַן וואָס דער מלך זיין כבוד באַגערט.
דער מאַן איז דעם מלכ׳ס אַ גרויסער ידיד.
זיין נאָמען איז מרדכי ... בן יאיר ... אַ ייד!

המן

אוי מלך, איך חלש! ... רחמנות! רחמנות!
איך קען דאָס נישט טאָן, בנאמנות!
אוי וויי!

אַחשורוש

גיי!

(המן פאַלט. חרבונה און זתר כאַפּן אים אונטער. פירן אים אַרויס.)

[פאָרהאַנג]

# פינפטע סצענע

## נאָך דעם פּאַראַד

(וישב מרדכי אל שער המלך. —מגילה ו.)

**אסתר**

(קוקט דורכן פענצטער פון איר קאַמער, שפּאַנט נערוועז, רופט.)

התך!

**התך**

(לויפט אַריין.)

איך בין דאָ!

**אסתר**

וואָס הערט מען אין גאַס?

**התך**

די שטאָט גייט אויף רעדלעך מיט וויצן און שפּאַס.
ס'האָט שושן הבירה אַזאַ מאַסקאַראַד
ווי המן האָט מרדכין געפירט מיט פּאַראַד
שוין לאַנג נישט געזען... מיט אויגן פאַרטרערט
געלאַכט האָבן פרויען, געלאַכט האָבן בערד...
נאָר אַנדערע האָבן געקריצט מיט די ציין,
געמורמלט: ווי קומט עס? ס'איז נישט צום פאַרשטיין!
אַפילו געוואָרנט באַהאַלטענערהייט
מיט נקמה. געזאָגט... נאָר צו וואָס מיינע רייד?
אָט באַלד וועט די מלכה דאָס הערן גענויער
פון מרדכין אַליין. ער איז גרייט ביי דעם טויער.

**אסתר**

מרדכי ביים טויער? גיי רוף אים אַריין!
(התך אָפּ.)

די שלאָפלאָזע נאַכט האָט געבוירן אַ שיין
אין דעם פינצטערן הימל!... דער חושך פאַרשווינדט!
(מרדכי קומט אַריין, אסתר דערזעט אים.)

מרדכי! פאָטער!

**מרדכי**

הדסה! מיין קינד!

**אסתר**

איך ציטער פון פרייד!... ס׳אַראַ ליכטיקע שעה!
די רעטונג איז נאָענט! די רעטונג איז דאָ!
אוי מרדכי, דערצייל מיר, כ׳וויל הערן פון אַלץ!

**מרדכי**

האַלט-איין די געשרייען פון פרייד אין דיין האַלדז!
פאַרהאַלט די צעזונגענע רייד אין דיין צונג!
ס׳איז דער היינטיקער טאָג נאָר אַ צייכן, אַ וואונק
אויף אַ נס... און מיר דאַרפן נאָך רחמים און תפילה!
ווער ווייסט וואָס דעם מלך קען ברענגען, חלילה,
אַ צווייטע, אַ שלאָפלאָזע נאַכט, אָדער גאָר
אַ פאַר׳שיכור׳טער מוח?... אַלץ הענגט אויף אַ האָר!

**אסתר**

איך ווייס עס, מיר האלטן נאָך ווייט פון אַ פולן נצחון.
נאָר דו האָסט מיך שטענדיק געלערנט צו האָבן בטחון,
פאַרוואָס זשע נישט פרייען זיך איצט מיט דעם היינטיקן זיג?

**מרדכי**

אוי מיין נישט, הדסה, אַז היינט איז געווען אינגאַנצן אַ גליק.
אין מיטן דעם גרויסן פאַראַד אויף דער גאַס
עס האָבן מיך בליקן געשטאָכן מיט האַס.
און המן אַליין האָט בכיוון געפירט דעם פאַראַד און געדרייט,
כדי מיר צו ווייזן די תליה וואָס ער האָט פאַרגרייט...

זי שטייט נאָך די תליה, זי שטייט נאָך און וואַרט!
עס הענגט איבער אונדז אויך דער חלף פון גזר —
דעם מלכ׳ס געזעץ מיט דער חתימה פון טויט!...

הדסה! די נאָכמיטאָג זון איז צעצונדן און רויט.
דאָס זאַמד אין דעם זייגער רינט גיכער און גיכער.
אָט קומט שוין די סעודה! געדענק זשע, רעד זיכער,
רעד שטאָלץ פאַר דיין פאָלק! ס׳איז דער לעצטער פאַרמעסט!

**אסתר**

שרעק זיך נישט, מרדכי, איך קען מיינע געסט!
דער מלך וועט הערן, דער מלך וועט גלויבן!
און המן הרשע?... וועט ווערן ד ע ר ה ו י ב ן!

(ווייזט מיט דער האַנט אַז ער וועט הענגען.)

*[פאָרהאַנג]*

## זעקסטע סצענע

### דעם רשעס סוף

(ויבוא המלך והמן לשתות עם אסתר המלכה...
ויתלו את המן על העץ אשר הכין למרדכי.
—מגילה ז).

(אחשורוש, אסתר און המן זיצן ביי דער סעודה.)

**אַחשורוש**

**(אויפגעלייגט)**

אסתר המלכה, דיין וויין איז אַ פּראַכט!...
און דו, בן המדתא, וואָס האָסטו זיך פאַרטראַכט?
וואָס זאָגסטו נישט עפּעס אַ ווערטל, אַ וויץ?
אַן אַנדערש מאָל רעדסטו ווי איינער פון היץ!...

**המן**

אוי וואָס זאָל איך רעדן און וואָס זאָל איך זאָגן?
איך שווייג, ווייל איך בין היינט צעמישט און צעטראָגן.
עס ברענט מיר דער מוח פון ווילדע מחשבות:
ווי קען עס דער מלך — זאָל זיין אויף קאַטאָוועס —
פאַרשעמען אַ פּריינט, מיט אַ גרינגן געמיט,
און אָפּגעבן כבוד אַ שלעפּער, אַ ייד?...
ס'איז עפּעס נישט גלאַט, זאָג איך!
(שרייט) ס'איז נידערטרעכט... (פאַרכאַפּט זיך)
(צו אסתרן) און וואָס זאָגט די מלכה, האַ?
האָב איך נישט רעכט?

**אסתר**

(שאַרף) די מלכה זאָגט, המן, דיין חוצפּה איז גרויס!
דערוועגסט זיך צו צווייפלען ביים מלך אין הויז
אין דעם מלכ׳ס געבאָט?... און דו זידלסט אַ פריינט,
וואָס געטראָגן דעם מלכ׳ס אַ קלייד האָט ער היינט
און געפאָרן איז ער אויף אַ מלכותדיק פערד,
ווייל אַזוי האָט דער מלך זיין כבוד באַגערט,
דערפאַר וואָס ער האָט אונדז באַצייטנס געוואָרנט,
ווען בגתן און תרש זיי האָבן געצאָרנט
און שטרעקן אַ האַנט אויף דעם מלך געוואָלט!...
דו ווייסט זייער סוף, ווי זיי האָבן באַצאָלט!...

**המן**

כ׳האָב גאָרנישט געמיינט צו... דער מלך ווייסט וואויל...

**אַחשורוש**

(שאַרף) המן! גענוג שוין געבעבעט! האַלט ס׳מויל!
איך ווייס שוין פון לענגערסט אַז דו ביסט אַ רשע!...
(צו אסתרן) און איצט זאָג מיר, מלכה, וואָס איז דיין בקשה?
אַ העלפט פון דעם מלכות באַקומסטו אַפילו!

**אסתר**

איידער איך רעד, וויל איך זאָגן אַ תפילה.
(זי שטעלט זיך אויף, הייבט אויף די אויגן. שווייגט עטלעכע סעקונדן.)
מלך פון פרס און מדי, פאַרנעם.
עס בעט דיך אַ יידישע טאָכטער אין קלעם.
ראַטעווע מיך מיט מיין פאָלק פון אַ נויט.
עס האָט אונדז אַ שונא פאַרמשפּט צום טויט.

**אַחשורוש**

וואָס רעדסטו?... וואָס זאָגסטו? אַ שאַנד און אַ שמאַך!
ווער האָט דערוועגט זיך צו טאָן אַזאַ זאַך?
ווער איז ער דער רשע און וואָס איז זיין נאָמען?

**אסתר**

דער שונא, דער רשע איז ער... המן!

(אַחשורוש און המן שטעלן זיך האַסטיק אויף. ביידע ציטערן — אַחשורוש פון צאָרן און המן פון שרעק. אַחשורוש לויפט אַרויס אין גאָרטן. אסתר זעצט זיך. המן לויפט צו, פאַלט אויף די קני לעבן איר לענבעטל.)

**המן**

אסתר המלכה, כ׳האָב גאָרנישט געוואוסט...
רחמנות... איך בעט דיך... אוי העלף מיר... דו מוזט!
(אַחשורוש קומט צוריק אַריין, דערזעט המנען אָנגעשפּאַרט
אויף אסתרס לענבעטל.)

**אַחשורוש**

וואָס טוט ער, וואָס וויל ער און ליגט אויסגעצויגן —
באַצווינגען די מלכה פאַר מיר אין די אויגן?!...
פאַרדעקט אים דעם פּרצוף
דעם שערער פון קרצום!
איך וויל אים נישט אָנקוקן מערער, דעם שערער!
אַ שערער בלייבט שערער!
(חרבונה און זתר לויפן אַריין, פאַרדעקן המנען דאָס פּנים.)

**חרבונה**

זאָל מיר דערלויבט זיין דעם מלך דערמאָנען —
עס שטייט נאָך די תליה בשכנות פון דאַנען,
וואָס המן אַגאָגי — אָט דער — האָט געבויט
פאַר מרדכין וואָס האָט דיך פאַרהיט פון דעם טויט!

**אַחשורוש**

די תליה?...

**חרבונה**

(ווייזט אויף המנען.) אוודאי, ביי אים אין דעם הויף!

**אַחשורוש**

אַזוי גאָר?... איז נעמט אים, דעם כלב, און הענגט אים דערויף!
(חרבונה און זתר פירן אַרויס המנען צו דער תליה.)

*[פאָרהאַנג]*

# עפּילאָג

## אנטקעגן דעם מאָרגן

(הויזגעזינדביים טיש פון דער פּורים־סעודה, ווי אין פּראָלאָג.)

**זיידע**

נאָר מיינט נישט אַז דאָס איז געווען שוין דער סוף.
דערנאָך ווי ס'האָט המן באַקומען זיין שטראָף,
עס זיינען נאָך איבערגעבליבן די בנים,
די יורשים פון שנאה, די וויסטע נאַראָנים,
וואָס האָבן בסוד זיך געגרייט פאַר דעם טאָג
פון י"ג אָדר, אויף המנס פּאַרזאָג,
צו מאַכן אַ תל פון דער יידישער אומה.

קעגן זיי האָבן יידן — סיי „פרייע", סיי פרומע —
אין שעה פון דער גרעסטער סכנה און נויט,
פאַראייניקט די כוחות אויף לעבן און טויט.

און געזיגט האָט דאָס לעבן, וואָס דויערט און בליט,
דער נצח ישראל, דאָס פינטעלע ייד.

זינט דעמאָלט מיר הערן דורך פייער און שטורעם
דאָס קול פון דעם גורל, וואָס ניסימט אין פּורים.
עס רופט די מגילה אונדז, ברידער און שוועסטער,
עס רופן אונדז דורות זינט מרדכי און אסתר.

און געשען זיינען ניסים נישט נאָר מיט די זיידעס,
אויך מיט אונדז, יאָ, מיט אונדז! מיר אַליין זיינען עדות!

מיר זיינען שוין אַלע געווען ביי דעם לייב אין דעם מויל —
און דאָך איז אַ שארית־הפּליטה אַרויס פון דעם גרויל.

און פּונקט ווי אַמאָל,
ווען דער לייב האָט פאַרשלונגען עשרת־השבטים,
מיר וועלן אויך איצט,
נאָך דער וואונד פון די זעקס מיליאָן, מוזן כאַפּן דעם אָטעם.

מיר האָבן קיין צייט נישט. נאָך צוויי טויזנט יאָר
מיר האָבן אַ סך צו דערייאָגן. פאָרווער!
ישראל איז ווידער אַרויס פון פאַרבאָרגן!
מיר גייען אַנטקעגן דעם מאָרגן, דעם ליכטיקן מאָרגן!

[פאָרהאַנג]

סוף

# יאָסעלע

## א

יאָסעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. ס'איז אים געווען קאַלט, שטאַרק קאַלט. ער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון גרוב און געזען, אַז דער הימל העלט מיט אַ בלויער ליכטיקייט. דורך די נאַקעטע שוואַרצע צווייגן פון די ביימער־שפּיצן האָט ער פּלוצים באַמערקט אַ בלוטיקע שיין. עס איז אים אַריבער אַ גרויל איבערן לייב — און ער האָט ניט געוואוסט צי דאָס איז פון דעם פאַרטאָגיקן האַרבסטיקן פראָסט, אָדער פון דעם רויטן מזרח־הימל.

אין וואַלד איז געווען אַן אומהיימלעכע שטילקייט. יאָסעלע האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, אָבער ער האָט גאָרניט געהערט. ער האָט פאַמעלעך גענומען קריכן פון גרוב. ווען ער איז אַזוי אויף אַלע פיר געבליבן שטיין אויף דער ערד, האָט ער עטלעכע שפּאַן פאָרויס באַמערקט אַ ווייסן האָז. יאָסעלע האָט זיך דערפרייט צו זען אַ לעבעדיק באַשעפעניש. דער האָז איז געשטאַנען ווי אויסגעהאַקט פון שטיין, אָבער ווען ער האָט דערשנאַפּט די נאָענטקייט פון יינגל, האָט ער זיך ראַפּטאָם אַ ריס געטאָן פון דער ערד און איז פאַרשוואונדן.

יאָסעלע האָט זיך צעלאַכט. זיין פּנים האָט געשטראַלט: אַ גוטער סימן! און אין קאָפּ האָבן ביי אים אָנגעהויבן אַרומלויפן גראַמען:

> ווייסער האָז,
> ווייסע שרעק,
> פּיצל נאָז,
> קורצער עק,
> ביסט אַוועק —
> זאָל זיין מיט גליק!
> גיי, און קום ניט מער צוריק!

יאָסעלע האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעראָסטעט, דערנאָך איינגעשנורעוועט דעם גאַרטל אַרום זיין צעריסן כאַלאַטל, און געשטעלט אַ טראָט, אָבער ער האָט זיך פאַרהאַלטן — וואוהין?

דאָ האָט ער ווידער אַ טראַכט געטאָן פון דעם האַז — וואוהין איז ער אַוועק? דאַווענען שחרית אין האָזן-שטיבל, הא?... ס'האָט זיך יאָסעלען שטאַרק געוואָלט געפינען אַ גראַם צו „שחרית", אָבער ס'איז אים געווען קאַלט און ער האָט עס אָפּ-געלייגט אויף שפּעטער.

ב

אַנדערע געדאַנקען האָבן אים אַריינגענומען אין זייער נעץ, און ער האָט ניט געוואוסט צי טראַכט ער פון זאַכן וואָס זיינען מיט אים טאַקע געשען, אָדער דאָס איז אַ חלום... ווי קומט ער אַהער? וואָס איז דאָ איצט אַזוי שטיל? און פאַרוואָס האָט ער ניט קיין מורא? און וואוהין איז פאַרשוואונדן דער אַלטער, וואָס האָט אים דאָ נעכטן איבערגעלאָזט?... אַ גוטער אַלטער!

— שלום עליכם! — האָט ער מיר ווייך געזאָגט און מיך געגלעט מיט זיינע ליבע בליקן. — וואוהין גייט אַ יינגעלע איי-נער אַליין?

— עליכם שלום, זיידע! — האָב איך געענטפערט און האָב זיך געוואָלט צעוויינען פון פרייד. כ'האָב שוין לאַנג ניט געהאַט געזען קיין גוטן מענטשן.

ער האָט מיר לייכט אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע. — שטאַרק זיך, יינגעלע, — האָט ער געזאָגט. — קום, מיר וועלן ביידע גיין צוזאַמען און איך... — זיין קול איז פאַרטויבט געוואָרן פון אַ קנאַלנדיקער שיתעריי. ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט, איז מיט מיר אַריין אין וואַלד און מיר האָבן זיך ביידע אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד און זיינען אַריין אין גרוב.

ווען די שיסעריי האָט זיך אַביסל איינגעשטילט, האָט דער אַלטער געעפנט זיין זאַק, אַרויסגענומען ברויט, עטלעכע ציבע-לעס, און מיר האָבן ביידע געמאַכט אַ סעודה.

— ווי רופט מען דיך, יינגעלע? — האָט ער געפרעגט נאָכן עסן.

— יאָסעלע!... — און אייך זיידע?

— יאָסעלע? זייער שיין, זייער שיין! יוסף הצדיק איז אויך געלעגן אין אַ גרוב, און ער איז אַרויס אַ גאַנצער, אַנגע-שפּאַרט העט-העט, ווי אין פּסוק שטייט... און מיך, יינגעלע, מיך רופט מען, אַי רופט מען מיך איצט אויף אַזוי פיל ערטער!

מיך רופט מען עזרא. אפטמאל ווייזט זיך מיר אויס, אז די גאנצע וועלט שרייט מיט איין קול: ע־ז־ר־א!

דער אלטער האט אזוי גערעדט און גערעדט, זיינע ווערטער האבן מיך געוויגט ווי אין א וויגעלע און איך בין איינגעשלאפן.

און דערנאך, און דערנאך?... האט זיך יאסעלע געפרואווט דערמאנען. דערנאך האב איך געזען ווי דער טאטע, די מאמע, מיינע ברידער און דער זיידע טאנצן אלע אין א ראד ארום גרוב און זיי זינגען און זינגען מיט אזא שטילן ניגון:

**יאסעלע, יאסעלע**

**ליגט אין א גרוב —**

**גוט אזוי, גוט אזוי, גוט!**

**יאסעלע שלאפט אין א ווארעמער שטוב —**

**גוט אזוי, גוט אזוי, גוט!**

איך האב אויסגעשטרעקט די הענט. — טאטע, — האב איך געשריגן, — טאטע, מאמע, זיידע, ראובן, שמעון, לוי, יהודה, יששכר, זבולן, דן, נפתלי, גד, אשר, בנימין... — אבער כ׳האב זיי ניט געקענט דערגרייכן, און זיי האבן מיך ניט געהערט. זייער ניגון איז געווארן אלץ שטילער און שטילער. מ׳האט אים שוין קוים געהערט. — עזרא! — האב איך אויסגערופן, אבער דער אלטער האט צוגעלייגט צוויי פינגער צו זיינע ליפן און געזאגט: — ש־ש־ש...

און דערנאך, און דערנאך?... יאסעלע האט געקנייטשט דעם שטערן און פארמאכט די אויגן, אבער ער האט מער גארניט געדענקט.

ג

דערווייל איז געווארן ליכטיקער און ליכטיקער און די זון האט גענומען ווארעמען. יאסעלע האט זיך ארומגעקוקט, און זיין בליק איז געפאלן אויפן גרוב, וואס איז געווען זיין נאכט־לעגער. אין א ווינקל האט ער דערזען זיין טארבעלע. ער האט זיך איינגעבויגן און עס ארויסגעשלעפט, און געפילט אז עס איז געווארן עפעס שווערער. האט ער ארייננגעשטעקט די האנט

און מיט שטוינונג אַרויסגענומען אַ... רעפּטל ברויט און אַ ציי-
בעלע!

יאָסעלע האָט ניט געגלויבט זיינע אויגן. ער איז זיך אַליין פאַרגעקומען ווי אַ קונצנמאַכער. פון וואַנען האָט זיך דאָס אַהער גענומען? איז דאָס אַ חלום אויפן וואָר?... ער האָט שנעל אַ ביס געטאָן דאָס ברויט, די ציבעלע — און געפילט אין זיי אַלע טעמים. און דאַן האָט ער געוואוסט, אַז ס'איז ניט קיין חלום, און אַז דאָס האָט אים דער אַלטער עזרא איבערגעלאָזט אַ מתנה. אָבער פאַרוואָס איז ער אַוועק? אַ שאָד, אַ שאָד!

דערפרישט פון דעם עסן און דערוואַרעמט פון דער זון, האָט יאָסעלע אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געבענטשט.

יאָסעלע איז אויפגעשטאַנען און האָט ווידער גענומען טראַכטן וואָס ער זאָל ווייטער טאָן. ער האָט געטראַכט און געטראַכט ביז ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז די גלייכסטע זאַך איז צו גיין זוכן אַ טרונק וואַסער. אַ טייערער געדאַנק! איז ער אַרויס פון וואַלד און האָט זיך געלאָזט שפּאַנען איבער אַ סטעזשקע לענג-אויס דעם וואַלד.

גייט ער אַזוי און גייט און עס קומט אים פאָר, אַז די סטעזשקע איז עפּעס אַזוי ווי דער וועג, איבער וועלכן די יידן זיינען אַרויס פון מצרים, נאָכדעם ווי משה רבינו האָט פאַר זיי געשפּאָלטן דעם ים. פון איין זייט שטייט דער געדיכטער טונקעלער וואַלד, און פון דער אַנדערער זייט — דאָס פרייע אָפענע פעלד, וואו יעדער טראָט איז פאַרזייט מיט סכנה און עס וואַקסט דאָרט דער טויט.

יאָסעלען ווערט אומעטיק. עס קומט אים אויפן זינען יענע פינצטערע נאַכט, ווען דער שרעקלעכער שטורעם האָט אים אָפּגעריסן פון זיין משפּחה. ער הערט די ווערטער פון זיין זיידן:
— דער שטורעם איז גרויס, יאָסעלע, אָבער מיר וועלן אים ביי-קומען. דער וועג איז אַ לאַנגער און אַ שווערער, אָבער מיר טאָרן זיך ניט אָפּשטעלן. מיר מוזן גיין ווייטער און ווייטער. מיר וועלן אָנקומען!

דעם זיידנס טרייסטנדיקע ווערטער דערמוטיקן אים. יאָסעלע גייט און קוקט ניט לינקס און ניט רעכטס, נאָר פאָרויס. פון צייט צו צייט זעט ער אַ פעלד-מויז אָדער אַ וועווערקע דורכהיפּן די סטעזשקע. אַ שפּערלינג פליט-אָן און שטעלט זיך אָפּ אויף אַ צווייגל. יאָסעלע קוקט אויפן פייגעלע און איז עס מקנא. אַי, ווען איך קען אַזוי פליען, טראַכט ער, וואו איך וואָלט איצט ניט

אָנגעשפּאַרט! פּייגעלע טייערס, זאָגט ער, און שטרעקט-אויס די האַנט, אָבער דאָס פּייגעלע איז שוין ניטאָ — אַוועקגעוויגט אין דער לופט און אויס, ווי ניט געווען.

ד

יאָסעלע שפּאַנט ווייטער און ווייטער. די סטעזשקע שלענגלט זיך אָט אַריין און אָט אַרויס פון דעם וואַלד. ער ווערט איינגע-מאַטערט און זעצט זיך אַוועק אָפּרוען אויף אַן איינגעפאַלענעם בוים.

פּלוצים דאַכט זיך אים, אַז ער הערט פוס-טריט. ער פאַרהאַלט דעם אָטעם, האָרכט זיך גוט איין — יאָ, פוס-טריט! אָבער פון וואַנען קומען זיי? דאָס האַרץ קלאַפּט האַסטיק, די אויערן לויערן און די אויגן זוכן, און ער אַליין רירט זיך ניט פון אָרט.

די טריט קומען אַלץ נענטער און נענטער. יאָסעלע הערט שוין ניט נאָר טריט, נאָר אויך דעם קלאַפּ פון אַ שטעקן אויף דער ערד. יאָסעלע לאָזט זיך אַראָפּ, ציט זיך אויס און קוקט אַריבער דעם איינגעפאַלענעם בוים צו דער זייט פון וואַנען ער איז די גאַנצע צייט געגאַנגען, און דערזעט — אַ יינגל ווי ער אַליין. יאָסעלען איז אַ שטיין אַראָפּ פון האַרצן. ער האָט זיך צעשמייכלט און זיך געלאָזט גיין דעם יינגל אַנטקעגן.

— היי, יינגל! — האָט יאָסעלע אויסגעשריגן און גענומען אונטערלויפן.

יענער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט ביז יאָסעלע איז צוגעקומען.

— שלום עליכם אַ ייד! — האָט יאָסעלע געזאָגט און אויס-געשטרעקט די האַנט.

דאָס יינגל האָט אָנגענומען יאָסעלעס האַנט און מיט אַ שוואַך קול קוים אַרויסגערעדט: — עליכם שלום.

— האָב ניט קיין מורא, — האָט יאָסעלע געזאָגט און גע-נומען פאַרוואַרפן דעם יינגל מיט פראַגן: — פון וואַנען קומסטו? ווער ביסטו? ווי הייסטו? וואוהין גייסטו?... קום, לאָמיר זיך צוזעצן דאָרט-אָ אויפן איינגעפאַלענעם בוים.

— איך הייס דוד, — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט ווען זיי זיינען שוין געזעסן, — און ווי רופט מען דיך?

— איך הייס יאָסעלע, אָבער קיינער רופט מיך ניט. שוין לאַנג-לאַנג, אַז קיינער רופט מיך ניט ביים נאָמען... און דו הייסט דוד? דוד המלך!... דו וועסט איצט מיט מיר צוזאַמען קיניגן אין וואַלד. איך שענק דיר אַ העלפט פון מיין מלוכה! ווי אַלט ביסטו, ברודער קיניג?

— איך בין היינט געוואָרן בר-מצווה, יאָסעלע, אָבער איך האָב ניט קיין תפילין. און דערפאַר בין איך איצט אַזוי פאַרזאָרגט.

— אַזוי! — האָט יאָסעלע אויסגערופן. — אוי-וואַ! היינט געוואָרן בר-מצווה? פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— אָ, איך ווייס, כ'האָב געהאַלטן רעכענונג. שוין צוויי יאָר אַז איך פיר אַ חשבון מיט אַ שטריקל און מיט דעם-אַ שטעקן. די טעג און די וואָכן האָב איך געציילט מיט קניפּלעך אין דעם שטריקל, און פאַר יעדן חודש האָב איך געמאַכט אַ קאַרב אויפן שטעקן. זעסט! — און ער האָט געוויזן יאָסעלען 24 קאַרבן אויפן שטעקן. — אָבער וואָס קומט-אַרויס פון מיין גאַנצן חשבון? — האָט דוד אומעטיק געזאָגט.

יאָסעלע האָט באַוואונדערט דעם איינפאַל. — איך פיר אויך אַ חשבון, — האָט ער געזאָגט, — זעסט, מיט דריי מינים שטיינ-דעלעך: פאַר די טעג, די וואָכן און חדשים. אָבער זאָרג ניט, דוד ברודער, ס'עט זיין רעכט. וואַרט און וועסט זען אַ שיינס!

און אַזוי רעדנדיק, האָט יאָסעלע אַריינגעשטעקט די האַנט אין זיין טאָרבעלע, פּאַוואָלינקע אַרויסגענומען אַ פּאָר תפילין און געזאָגט:

— אָט האָסטו דיר אַ פּאָר תפילין, בר-מצווה בחור! ביסט מיר פאַרלאָפן דעם וועג, דוד. איך האָב נאָך צו וואַרטן אַ האַלב יאָר.

דוד האָט געקוקט מיט אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע אויגן, דאָס מויל אָפן, ווי ער וואָלט געזען אַ נס — און ער האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין. יאָסעלע האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דוד'ס אַקסל און שטיל געכליפּעט.

דאָס געוויין פון די ייִנגלעך האָט געשטראָמט ווי אַ טייכל, ביז עס האָט זיך אויסגעלאָזט און איז אַריבער אין אַ טאָל פון זכרונות... דוד זעט טאַטע־מאַמע. ס'איז פרייטיק־צו־נאַכטס. מ'זיצט ביים טיש און מ'זינגט זמירות. די בענטש־ליכט צאַנקען און טאַנצן ווי צום טאַקט פון געזאַנג. פּלוצים ווערט פינצטער. שאָטנס שלינגען־איין דעם טאַטן, די מאַמע, און אַלץ ווערט אַ קנויל פון פינצטערניש, דורכגעבליצט מיט אַ געשריי: — לויף, דוד, און געדענק אַז דו ביסט אַ ייִד!

יאָסעלע איז דער ערשטער אַרויס פון דער פאַרטראַכטקייט. האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט מיט אַ ניגון:

**גענוג שוין געוויינט דיר, דוד המלך —**

**איצט דאַרף מען זיין פריילעך!**

**גענוג שוין געטרויערט, מיין מלך דוד —**

**איצט שטעל זיך אויף צום גרויסן כבוד!**

— ביסט אַ גאַנצער בדחן, — האָט דוד זיך אָנגערופן און זיך אויפגעשטעלט.

— נו, נאַ, זיי מקיים די מצווה און ווער אַ פאָלנער ייִד! — האָט יאָסעלע געזאָגט.

דוד האָט גענומען די תפילין, זיי צערטלעך געגלעט און האָט מיט אַ וויינענדיק קול געזאָגט: — איך ווייס ניט ווי אַזוי. אפשר ווייסטו?

— איך ווייס אויך ניט, — האָט יאָסעלע געענטפערט.

— וואָס זשע טוט מען? — האָט דוד געפרעגט.

ביידע ייִנגלעך האָבן זיך געפּרוּווט דערמאָנען, פאַרמאַכט די אויגן און געזוכט אין געדעכעניש, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. זיי האָבן ניט געדענקט.

— מיין עצה איז, — האָט יאָסעלע געזאָגט, — אַז דער עיקר איז דאָך אָנטאָן די תפילין, טו זשע זיי ווי־עס־איז אָן, און די ברכות וועסטו זאָגן אין זיך.

דוד האָט געפּאָלגט. ער האָט אָנגעטאָן דעם של־יד און אַרומגעוויקלט די רצועה אַרום אָרעם. דערנאָך האָט ער אָנגעטאָן דעם של־ראש, זיך אויסגעצויגן גלייך ווי אַ סטרונע, אויפגעהויבן די אויגן און אויסגעשריגן: — שמע ישראל!

זיין קול איז אַריין אין וואַלד, איז אַרויס אויפן פעלד, איז צוריקגעקומען מיט אַ ווידער־קול און איז אַרויף אויפן הימל.

יאָסעלע האָט געקוקט אויף זיין חבר מיט אַן ערנסטער מינע. דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק געקלאַפּט, און ער האָט שטילערהייט מקנא געווען.

— און איצט? — האָט דוד געפרעגט, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעטאָן די תפילין און יאָסעלע האָט זיי פאָרזיכטיק באַהאַלטן אין טאָרבעלע, — וואָס טוט מען איצט?

— איצט, ר' דוד, — האָט יאָסעלע געזאָגט, — איצט גייען מיר ווייטער. דער וועג איז אַ לאַנגער און אַ שווערער, אָבער מיר טאָרן זיך ניט אָפּשטעלן. מיר מוזן גיין ווייטער און ווייטער. מיר וועלן אָנקומען!

ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג. די צוויי יינגלעך האָבן מונ־טער געשפּאַנט.

